מ א ס נ - ב י ב ל י אָ ט ע ק

ב. עליס

# שרעק

מעלוכע־פארלאג באם ראטפאָלקאָם פונ ווססר
מינסק — 1941

## אינהאַלט



НА ЕВРЕЙСКОМ ЯЗЫКЕ
**Б. Элис.** Страх
Государственное Издательство при СНК БССР.
Минск 1941 г.

רעדאַקטאָר—ז. צירלין
טעכרעדאַקטאָר—י. קאַרפּינאָוויטש
קאָרעקטאָר—יא. פרידמאַן

אונטערגעשריבן צום דרוק 1/II—41 י. פּאַפּיר $70 \times 108^1/_{32}$.
צאָל דרוק־בויגן $1^1/_4$. צאָל צייכנס אין א דרוק־בויגן 62.880.
טיראַזש 2000 עקז. באַשט. נומ. 2958. או11.

דרוקעריי א. נ. סטאַלין—מינסק.

# שרעק

שעווע זיצט באַם טישל א נאָר וואָס אופגעוועקטע פונ א שווערנ דרימל. א פארלוירענע, קוקט זי אפ די טונקעלע, באַשאָטנטע ווענט אינ בײַדל. זי איז צעטומלט, אונ דאָס טראַסקענ פונ די באַנ-רעדער צווישנ די לאָנקעס אינדרויסנ צעמישט זי נאָכמער, גלײַכ זי גופע וואָלט זיכ געפונענ אינ דעמ לויפנדיקנ צוג אונ פארשלאָפנ די סטאַנציע, ווו זי האָט געדארפט אויסשטײַגנ.

— „דער לעמבערגער, דער לעמבערגער״, — כאַזוערט מאָרדכע אָנ אופהער, וועלנדיק דערמיט צו וויסנ טאָנ דעמ ווײַב ווי שפעט ס'איז.

אינ דעמ אײַנזאַמענ, שטילנ סאָד־בײַדל דאָ, ווו זיי וווינענ שוינ נישט דעמ ערשטנ זומער, איז פאר זיי דאָס קלאַפנ פונ א צוג צווישנ די פעלדער פונקט דאָס זעלבע, ווי דאָס קלאַפנ פונ א וואַנט־זייגער אינ א שטוב. זי אונ מאָרדכע ווייסנ דאָ די שאָענ לויט יעדער פאר־בײַאײַלנדיקער באַנ. פונ אופשטײנ ביזנ שלאָפנ האָבנ זיי דאָ נישט קײנ אנדערנ זייגער צווישנ לאָנקעס אונ שטילקײַט.

דער הילכיקער טיק־טאַק טרייסלט די טונקעלע ווענט פונעמ בײַדל, רײַסט זיכ ארײַנ מיט דער אומהיימלעכקײַט פונ ווײַטע, פינצ־טערע פעלדער.

— לייזער איז נאָכ נישטאָ? — פרעגט שעווע, אויסרײַבנדיק די אויגנ פונ שלאָפ.

— נאָכ נישט, — ענטפערט מאָרדכע פונ אונטערנ פעלצ ארויס.

פון דעם ענטפער דערפילט שעווע, ווי מען וואָלט איר עפּעס ענגס אפּן האַרצן אַרופגעצויגן. ס׳נעמט זי אַרום אַ פּאַרדרוס אפּן זון, וואָרעם זינט ער איז פון דער גרויסער שטאָט אַראָפּגעקומען, האָט זי אונטערגעשניטענע נעכט פון אים. ער שלעפּט זיך אַרום ביז שפּעט, און פאַרוואָס מוז ער זיך אַזוי אופירן פאַרשטייט זי נישט. פאַרוואָס ער מוז אַריינקומען שפּעט און נאָך שפּעטער זיך לייגן, דאָס קען זי נישט באַנעמען.

אַראָפּגעקומען איז ער דאָך אַן אויסגעהאָרעוועטער פון ערגעץ אַן ענגן קעלער אין וואַרשע, — טראַכט זי, — פון אַ פינצטערן סטאָלער־וואַרשטאַט דאָרטן, ווו שטויב און פינצטערניש פרעסן אים אַלע יאָרן. דערצו איז ער נישט לאַנג אַרויס פון טורמע, און פאַרוואָס זאָל ער זיך נישט אויסרוען דאָ אין סאָד? פאַרוואָס?

אָבער דאָס אַלץ, טראַכט שעווע פאַר זיך, — פאַר מאָרדכען פאַר־ענטפערט זי אים, גלייך זי וואָלט אפּן זון קיינשום פאַרדרוסן נישט געטראָגן, איינגעשטימט מיט זיינע גענג און אופירונגען דאָ.

— נו, שעווע, — צעטראָגט זיך פלוצים דעם מאַנס קאָל פון גע־לעגער. — וואָס זאָגסטו צום יונג? האַ?

— מיסטאָמע וועט ער באַלד אַריינקומען, — ענטפערט זי.

— וואָס הייסט מיסטאָמע? וואָס, פאַרענטפערסט אים שוין ווידער, האַ?

— שלאָף, שלאָף. ווילסט דאָך אופשטיין באַגינען רייסן קאַרשן... פאַרוואָס שלאָפסטו נישט?

— מוז זיך ערגעץ אַרומשלעפּן מיטן פאַראָבעק, און ס׳אַרט דיך גאָרנישט? — קען שוין מאָרדכע נישט איינליגן אונטערן פעלץ, — זאָג מיר, וואָסערע געשעפטן האָט לייזער מיטן פאַראָבעק אַזוי שפּעט?

— זיי קענען זיך דאָך פון אַזוי גרויס... פון אַזוי אָ... — ווייזט זי מיט דער האַנט צו דער ערד.

נאָר מאָרדכע וויל דערפון נישט וויסן. אים איז נישט צום האַרצן, וואָס זיי קאָנען זיך פון קליינווייז. ווען זיי וואָלטן זיך איינגאַנצן

נישט געקענט, וואָלט געווען בעסער, טײַנעט ער, וואָרעם אין דאָרף דערציילט מען לעצטנס וועגן מאטשעיען אזעלכעס, אז ער, מאָרדכע, וויל גאָרנישט, דער יונגער פויער, וועמענס שטיוול זײַנען טאָמיד פאַר־וואָקסן מיט פארטריקנט שטאַל־מיסט, זאָל זײַן זײַן זונס כאַווער. כוצדעם, וואָס מאטשעי, דער פּאַראָבעק, האָט עפּעס אמאָל געוואָרפן א פארזשאווערטע היי־ווידלע צום פּאַרוואַלטער פון באָגוזשעלסקיס גוט — דערציילט מען וועגן אים נאָך און נאָך. — אָבער דאָס אַלץ איז נאָך גאָרנישט. שטיי נאָר, — זאָגט ער צום ווײַב א צעקאָכטער, — ווייסט כאָטש, וואָס כ'האָב ערשט הײַנט געהערט וועגן פאַראָבעק? ווייסט נישט?

— וואָס? וואָס האָסטו געהערט?

— אז אַלע פאַראָבקעס פון באָגוזשעלסקיס גוט האָט ער אונטער־געהעצט... שוין ז'ער דריטער טאָג שניט... ס'קאָרן ווערט פאַרברענט... און זיי ווילן נישט גיין אפ די פעלדער... אָט.

— איז דעריבער —

— בעהיימע!

— דעריבער טאָר שוין לייזער נישט רעדן מיט אים?

— ניין! — וואַרפט זיך מאָרדכע פון קאָס, — אז מ'וועט אים טרעפן מיטן פאַראָבעק, וועט מען אים אויך אַרײַנשלעפּן אין דער זאַך... מ'וועט אונדז פונדאַנען אַרויסטרײַבן, אומברענגען...

שעווע פּרוווט אים אײַנריידן, באַרויקן. זי דערמאָנט אים, אז פאַראיאָרן, אָנהייב שניט, איז אויך געווען דאָס זעלבע וואָס הײַנט... די פאַראָבקעס האָבן אויך געשטרײַקט, ס'איז געווען געשלעגן מיט שיסערײַען, כאָטש לייזער איז דעמלט געלעגן אין א טפּיסע־קאַמער, ערגעץ אין א ווײַטער שטאָט.

— רעד מיר נישט פון פאַראיאָרן! דערצייל מיר נישט פון פאַראַ־יאָרן! — שרײַט מאָרדכע א צעטראָגענער, א צערייצטער.

פאַר זײַנע אויגן טראָגן זיך מוירעדיקע בילדער, פון וועלכע ער קען זיך נישט אַרויספּלאָנטערן.

רודניצקי, באָגוזשעלסקיס פאַרוואַלטער, שטעלט זיך אים פאָר; ווען

יענער וועט זיך דערוויסן, אז זײַנע זון לײזער פירט זיך ארום מיט מאטשעיען — וועט עס אים אופקאָכן. און ווען רודניצקי צעקאָכט זיך אפ וועמען, איז אים נישט אײַנצושטילן, ביז עס טראָגט זיך נישט דורך עפּעס א שווערע כמארע איבער יענעמס קאָפּ, אפ וועמען זײַן בלוט האָט זיך אָנגעצונדן.

הײַנט ווי וועט אים דאָס פײַער א נעם טון אפ לײזערן? און אים, מאָרדכען, וועט ער דען פארשווײַגן?

ניין, רודניצקי וועט נישט פארשווײַגן.

— שעווע, זוך אופ דעם יונג! גיי ארויס אפ די פעלדער, אפן שאָסיי! זוך אופ דעם מערדער! — האָט מאָרדכע גענומען ווילדעווען פון שרעק.

ניין. איצט האָט ער זיך שוין נישט געפונען קיין אָרט. דאָס וואָס שעווע פאָלגט אים נישט, וואָס זי זיצט נאָך באם טישל, לויפט נישט אופזוכן לײזערן, דאָס האָט אים ווי נאָדלען אראָפּגעשטאָכן פון געלעגער.

פון זײַן אופכאפן זיך, פון זײַן אימפעט, קוראזש און רעציכע, האָט שעווע אופגעציטערט. מיט אזא אימפעט און רעציכע, דערמאָנט עס איר, פלעגט ער זיך אמאָל ווארפן אפ אויבסט־הענדלער, אפ יידן, וועלכע פלעגן אים מיט עפּעס דערצאָרנען אפ די מערק, ווו ער פלעגט מיט איר פארקויפן עפּל און אנדערע פרוכטן.

— וואָס? — פרעגט שעווע א באומרויִקטע, קוקנדיק, ווי ער שלעפּט אפ זיך די הויזן — וווהין גייסטו?

— ווו מען דארף.

— ביסט מעשוגע? — פארשטעלט זי אים דעם וועג.

— לאָז, לאָז, — גיט ער זי ווילד א שלײַדער פון טירל און לויפט ארויס.

אין סאָד טריפט די פינצטערניש פון די פעטע, געדיכטע ביימער. די נאכט איז פארוואקסן מיט גראָזן, צווײַגן און קשאקעס, און דער כווישעך הענגט איבער די אויגן סמאָלע־שווארץ, נאָר שעווע קוקט נישט. זי לויפט אין דער שווערער פינצטערניש, יאָגט זיך נאָכן

מאנ, וועלכער איז שוינ ערגעצ אנטרונענ אינ דער נאכט. זי שרייט אונ רופט, פארטשעפּענדיק זיכ קעפּיידער אינ די שווער אָנגעלאָדענע צווייַגנ, וואָס הענגענ אראָפּ, ווי גרויסע, שווערע געוויכטער. זי פלאטערט פונ בוימ צו בוימ. היפּעט איבער די קוסטעס, ווי אנ אונ־טערגעשאָסענער פויגל, ווענ ס'איז פּלוצימ צעשטערט געוואָרנ זייַנ נעסט.

— מאָרדכע! מאָרדכע!

אירע קוילעס צעטראָגנ זיכ איבערנ פינצטערנ סאָד, פארלירנ זיכ ערגעצ אפּ די פינצטערע, אומהיימלעכע פעלדער.

אפּנ שאָסיי בלייַבט זי שטיינ א מידע, אנ אויסגעמאטערטע. דער שאָסיי העלט ארויס פונ דער פינצטערניש מיט פּוסטקייַט. קיינ מענטש זעט זיכ נישט, גאָרנישט, אפילע קיינ טריט הערט זיכ נישט, קיינ סקריפּ פונ קיינ וואָגנ, אפילע קיינ בילנ פונ אנ איינזאמענ הונט.

דער שאָסיי ליגט שווייַגנדיק, ציט זיכ שווייַגנדיק אינ זייַנע כוישעכדיקע ווייַטקייַטנ. שעווע קוקט אונ ווארט. עפּשער וועלנ דאָכ אפּ די ליידיקייַטנ פונעמ שאָסיי אָנפּאָרנ וואָגנס מיט באלעגאָלעס. עפּשער האָבנ זיי באמערקט איר מאנ אפּנ וועג?

— מאמע! — איז פּלוצימ אויסגעוואָקסנ לייזער, — וואָס שטייסטו דאָ, מאמע? וואָס איז געשענ?

— פונוואנענ קומסטו? ווו ביסטו געווענ?

— אינ סאָד... כ'בינ געשלאָפנ.

— אינ סאָד? בא אונדז אינ סאָד? — האָט שעווע געפרעגט מיט אומגלויבנ, — ביסט געשלאָפנ?

זי האָט ארומגענומענ דעמ זונ אונ אימ גענומענ צערטלענ אונ לאשטשענ.

— ווער האָט עס געשריגנ? — האָט ער נאָכ א ווייַלע שווייַגנ געפרעגט.

— דער טאטע איז אוועק, האָב איכ אימ נאָכגעשריגנ...

— וווהינ איז ער אוועק? — האָט לייזער נישט אָנ שרעק ארויס־גערעדט.

— דיך זוכנ.

— מיך זוכנ? ווי שפעט איז דענ?

— געגוג שפעט. דער „לעמבערגער" איז שוינ געפאָרנ...

— געדענק, לייזער, — האָט זי נאָך א מינוט שווייגנ א זאָג געטאָנ צום זונ, — דערבארעמ זיך אפ מיינ לעבנ. כאווער זיך נישט מיטנ פאראָבעק... דער טאטע איז אויס מענטש פונ איבערקלערנ... מאכסט מיך אומגליקלעך.

לייזער האָט זיך איינגעקוקט אינ דער מוטערס צעשראָקענעמ פּאָנעמ. זי האָט אימ אפסנייע גענומענ האלדזנ, צערטלענ אונ לאשטשענ, אז ער זאָל זיך נישט כאווערנ מיטנ פאראָבעק.

— קומ, קומ. — רייסט ער זיך פונ אירע צערטלערייענ, — קומ אופזוכנ דעמ טאטנ...

— הער ווייסט אימ, דעמ מעשוגענעמ... — זאָגט זי, — עפשער איז ער שוינ אינביידל... קומ אריינ.

לייזער פירט די מוטער איבערנ פינצטערנ סאָד אונ, אז זיי קומענ אריינ אינ ביידל, בלייבנ ביידע א ווײַלע שטיינ ווי שטומע. א שרעק מאָלט זיך אפ זייערע פּענעמער. אינ ביידל איז אכוצ דער קאצ וואָס טוליעט זיך — קיינער נישטאָ. דאָס גלעגער איז צעוואָרפנ, דער פּעלצ — אוועקגעשליידערט, דאָס נאפט־לעמפּל אפנ טישל לויכט מיט אנ אראָפּגעזעצט פלעמל, פונ וואָס אפ די ווענט טונקלט אומהיימלעך פונ שווערע שאָטנס.

אמיינסטנ פארזאָרגט שטייט לייזער. די מוטער וויל אָבער פארטרייבנ פונ אימ זיינ פארקלערטקייט, דרייט זי ארויס דאָס אראָפּגעזעצטע פלעמל אינ לאָמפּ, שיט ארופּ א הויפנ פרישע קארשנ אפנ טישל, וואָס זי האָט נאָך באטאָג געבראכט פונ סאָד. די קארשנ צעפינקלענ זיך אינעמ לאָמפּנליכט. לאנגזאמ נעמט לייזער איינבייסנ קארש נאָך קארש, פריער איינציקווייז, דערנאָך צו עטלעכע מיטאמאָל. ער זעצט זיך אונ עסט. פלוצימ בלייבט אימ אלצ שטעקנ אינ האלדז. עס ווערגט אימ דעמ פאָטערס אריינקומענ, זיינ אויסזענ לאָזט אימ שוינ נישט איינזיצנ. לייזער דערפילט זיך שטארק צערודערט.

יאָ. ער זעט אויס אינגאנצן א פארענדערטער, דער פאָטער. און דאָס אלץ פונעם הײַנטיקן אָוונט?

לײזער קוקט זיך אײַן אין אים. אָט זעט ער, ווי דער אלטער שטײט קימאט אָן אָטעם, אָט פארגריזשעט ער גאָר די ליפּן צווישן די צײן, ווי פון עפּעס א שווערן, א שארפן ווײטעק.

יאָ. מיט אים איז עפּעס געשען, מיטן אלטן. עפּעס קען ער זיך איצט גאָרנישט דערהאלטן אף די פיס, ווי אײנער וואָס קען זיך נישט ארויסדרײען פון כאלאָשעס.

— איך פארשטײ נישט, וואָס איז דאָ אזעלכעס? — האָט ער א זאָג געטאָן, וועלנדיק זיך פארענטפערן פארן פאָטער. נאָר דער אלטער האָט זיך אָנגעצונדן.

— שלעפּ זיך ארום מיטן פאראָבעק! — האָט ער אָפּגעענטפערט, — שלעפּ זיך ביז האלבער נאכט. גײ.

— פונוואנען ווײסטו, אז מיטן פאראָבעק? עפּשער בין איך געווען מיט א מײדל?

— מיט א מײדל, — האָט דער אלטער שפּאָטיש א לאך געטאָן, — וועסט דאָך פריִער אין די טפּיסעס פארפוילט ווערן... אין די טפּיסעס...

— מאָרדכע, מאָרדכע! — האָט שעווע גענומען שרײַען, — מאָרדכע.

— נארישע בעהײמע, — האָט ער אף איר אויסגעגלאָצט די אויגן, — דער פאראָבעק איז דאָך זײַן טאטע־מאמע... צו אונדז שרײַבט ער נישט קײנמאָל קײן בריוול און יענעם וואָלט ער אוועקגעגעבן ס׳בלוט פון פינגער...

— א פרישע מײַסע... — האָט שעווע ארויסגעזיפצט.

— נישט קײן פרישע מײַסע... ווען ער וואָלט אין זינען געהאט דיר א בריוול שרײַבן, וואָלט אלץ געווען אנדערש... יאָ, יאָ, פאראָבעק אף זײַן קאָפּ... — האָס ער א קלאַפּ געטאָן אין טישל.

— וואָס רודערסטו, מעשוגענער! ער איז דאָך נישט געווען אינערגעץ...

— גיי, גיי... כ'וויל וויסנ, וועמענ מענ דארפ פריִער אינ זינענ האָבנ: טאטע-מאמע אָדער עפעס פאראָבקעס... הא?

— וואָסערע פאראָבקעס? ער איז דאָכ געשלאָפנ אינ סאָד...

— זאָלסט אימ נאָר פארענטפערנ, — האָט מאָרדכע אָפגעזיפצט, — איבער אימ וועלנ מיר נאָכ גיינ מיט טאָרבעס איבער די הײַזער...

בא די לעצטע ווערטער האָט אימ שטארק געפאקט דער הוסט. ער האָט גענומענ לויפנ איבערנ בײַדל א צונויפגעקאָרטשעטער מיט אנ אופגעשפילעט העמד, פונוואנענ ס'האָט ארויסגעשווארצט אנ אײַנגעפאלענע, האָריקע ברוסט, וועלכע איז בא יעדנ שווערנ הוסט נאָכ מער אײַנגעפאלנ. אונ דער הוסט האָט אימ געטרייסלט, ווי א שטארקער ווינט טרייסלט א שוואכ ביימל.

— גאנצ גוט אזוי, — האָט אימ שעווע דערלאנגט א ביסל קאלטע, איבערגעבליבענע מילכ פונ וועטשערע, — אז מ'לויפט ארומ באנאכט...

— שווײַג, שווײַג! — האָט מאָרדכע גענומענ דונערנ מיט די לעצטע קויכעס, קוימ אײַנשטילנדיק דעמ הוסט, — ער האָט זיכ ווינציק אויסגעוואלגערט אינ די טורמעס?.. ווייניק זײַנענ מיר פונ אימ אויסגעשטאנענ?

— שוינ. איכ פאָר שוינ באלד אוועק, — האָט לייזער ארײַנגעוואָרפנ אײַנצושטילנ דעמ פאָטער. — נאָכ צוויי וואָכנ...

— נאָכ צוויי וואָכנ? — האָט דער אלטער צאָרנדיק אופגעפראלט די אויגנ, — צוויי וואָכנ? זאָל זײַנ אויס, כ'וועל צוליב דיר אָנ ברויט בלײַבנ... דו הערסט?

שעווע האָב דערפילט, אז עפעס רוקט זיכ אָנ, אז אינ איר מאנ וועקט זיכ עפעס דעמ גאנצנ הײַנטיקנ אפדערנאכט די ווילדקײַט פונ ווײַטע, פארגאנגענע צײַטנ, ווענ ער פלעגט מערדערלעכ שלאָגנ יענעמ, אפ וועמענ זײַנ צאָרנ האָט זיכ אויסגעגאָסנ. נאָר איידער זי האָט באוויזנ עפעס אופצוטאָנ, מיט עפעס צו לעשנ זײַנ צעפלאקערטקײַט, האָט צווישנ די פארשאָטנטע ווענט אינ בײַדל אָפגעקלונגענ א היל-

כיקער פאטש. זי איז פארציטערט געוואָרן, גלײַך זי אליין וואָלט גע־
וועג די געפאטשטע. דערנאָך האָט עס איר א מיש געטאָן פארן בליק,
דערזעענדיק ווי איר מאן האָט זיך געוואָרפן אף דעם זון און ביידע
זײַנע געפאלן אין א קנויל, אומגעוואָרפענע מ'ט די פוס ארוף.

— מאָרדכע, לייזער! — האָט זיך געריסן פון איר האלדז. זי האָט גע־
שריגן, זיך געראנגלט מיט זיי, צום סאָף אופגעהויבן אזא פארצווייפלט
געשריי, אז די מעובערעסע קאַץ, וועלכע איז געשלאָפן אין א ווינקל,
האָט זיך אופגעכאפט א דערשראָקענע, זוכנדיק א באהעלטעניש.

— מאָרדכע! לייזער! — האָט שעווע נישט אופגעהערט רופן;
אפילע נאָך דאן, ביים מאָרדכע איז שוין צוריק געלעגן אפן סעניק, א
פארמאטערטער געסאָפעט, ווי נאָך א שווערן וועג, און לייזער, א
רויקער, ווי עס וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען, איז קאלטבלוטיק געשטאַ־
נען און געשלונגען איינציקווײַז קארשן.

---

# פארשטויסענע

מיטנ באגינענ האָט גענומענ גיסנ א דינער רעגנ. ס'האָט גענומענ רוישנ מיט ווינט פונ דיביימער, וואָס זײַנענ צעוואָרפנ געשטאנענ אפ דער שטילֿער, לֿיידיקער גאס.

די טויערנ אפ דער גאס זײַנענ געווענ געשלֿאָסנ, אונ נאפטאָלֿי האנאָווער, וואָס האָט א מידער געשפאנט פונ ראָג צו ראָג, הינ אונ צוריק, האָט זיכ אויסגעדוכט, אז הײַנט איז שטילֿער ווי נעכטנ אונ שטילֿער ווי אייערנעכטנ, אונ אז די מענטשנ פונ די פילֿגאָרנדיקע הײַזער שלֿאָפנ עפעס הײַנט לֿענגער ווי א גאנצע וואָכ.

צי דער באגינענ איז א באגינענ פונ אנ אָפרו־טאָג, אָדער פונ אופשטיינ צו ארבעט אונ מיסכער, דערפונ האָט נאפטאָלֿי נישט געוווּסט.

ער האָט נאָר מעקאנע געווענ די מענטשנ פונ די הויכע, פילֿשטאָקיקע הײַזער, וואָס לֿיגנ איצט דאָרטנ הינטער די פארמאכטע פענצטער אינ אויסגעווארעמטע געלֿעגערס, בייס ער, נאפטאָלֿי האנאָווער, האָט א גאנצע נאכט געוואָגלֿט איבער דער שטאָט, נישט געהאט ווו ארײַנצוגיינ איבערשלֿאָפנ אונ מוז איצט אפסנײַ זיכ דאָ דרייענ אונטערנ רעגנ.

אונ ס'איז נישט דאָס ערשטע מאָלֿ, אז ער קומט איבער די נעכט מיט די באגינענס אפנ גאס.

זינט ער איז דאָ אינ ווארשע אראָפגעקומענ זוכנ ארבעט, האָט ער נישט די שטוב, ווו מענ זאָלֿ אימ אופנעמענ אלֿס היימישנ, א ווארעמ וואָרט זאָגנ, ווו מענ זאָלֿ אימ כאָטש מעכאבעד זײַנ מיט א גלֿעזל טיי.

דער קוזינ לײבעלע װאַיאַזשאַר, אפ װעמענ נאפטאַלי האָט געהאַפּט, זײַענדיק נאָך אינ פאַרװאָרפענעמ שטעטל, אז ער װעט אימ העלפנ, װעט אימ אַרײַנעמענ צו זיך אינ שטוב, ביז ער װעט געפינענ אַרבעט,—דער קוזינ איז הײַנט פונקט אינ װעג. די פירמע, בא װעלכער ער איז אָנגעשטעלט, האָט אימ ערגעץ אװעקגעשיקט. ער װױנט טאַקע אפ אָט דער גאַס, דער קוזינ. ער פאַרנעמט דאָ א צימער בא א שיקלדיקער, עלטערער אַלמאָנע אינ הויפ נומער 12.

— איך בינ זײַנס א קאָרעװ. — האָט נאַפטאַלי געזאָגט צו דער פרוי, בײס זי האָט אימ געענטפערט, אז זי קענ אימ ניט און װעט אימ ניט אַרײַנלאָזנ איבערנעכטיקנ.

— איר גלויבט מיר נישט? — האָט ער געפרעגט, — כ'װעל אײַך דענ אָפּנארנ?

— װאָס װײס איך? — האָט די פרוי געטײַנעט, — ס'איז װאַרשע... אײַער קוזינ מעג אײַך אַרײַנלאָזנ. איך קענ אײַך נישט און טשעפּעט זיך אָפּ...

דאָס איז געװענ בא סאַמע אָנקומ, װי נאָר ער האָט זיך דאָ דערפרעגט נאָכנ פאַרלאָזנ דעמ הויפּט-װאָקזאַל. פונ דעמלט אָנ קומט ער דאָ עטלעכע מאָל אינ טאָג פרעגנ אפנ קוזינ.

— נאָך נישט געקומענ, — ענטפערט אימ שטענדיק די באַלע-באָסטע.

יעדנ באַגינענ, נישט האָבנדיק װו אַרײַנצוגײנ, קומט ער דאָ אויך אפ אָט דער גאַס און דרײט זיך דאָ װי איצט פאַר די געשלאָסענע טויערנ. אָבער איצט קענ ער נישט גײנ. פונ א גאַנצער נאַכט װאָגלענ איבער דער שטאָט ברעכנ אימ די פיס. עס מישט אימ אינ קאָפּ, װי ער װאָלט זײער אַסאַך בראַנפנ אויסגעטרונקענ. ער שטעלט זיך בא א װאַנט, שטײט א װײַלע, און דער קאָפּ נעמט זיך אימ װיגנ, פאַלנ, װי בא א שיקערנ. ער דרעמלט אײַנ און װײס אַלײנ נישט װאָס מיט אימ טוט זיך, װו ער געפינט זיך.

— מע דאַרפ אימ אַרײַנפירנ אינ א טויער, — זאָגנ צװײ פאַר-בײַגײענדיקע טרעגער.

זיי פירנ אימ אריַינ אינ א פאָדער־טויער, זעצנ אימ דאָרט אוועק אפ א שטיינערנער שוועל אונ גייענ אוועק מיט א געלעכטער.

— זיכ אָנגעשיקערט אונ טרעפט נישט דעמ וועג...

דער רעגנ גיסט. איינצעלנע פארבייַגייער גיבנ א קוק, ווי נאפטאָלי כראָפעט אפ דער שוועל אינ טויער אונ גייענ ווייַטער. פלוצימ קומט אָנ א פאָליציאנט.

— העי! — וואָס איז עס פאר א שלאָפנ! האללאָ! העי!

נאפטאָלי רייַבט צעטומלט די אויגנ. וויל זיכ אופשטעלנ אונ קאָנ נישט. די לינקע פוס איז אימ ווי געליימט.

— וואָסי? — פרעגט דער פאָליציאנט אינ דער אייַנגערעגנטער, גראנאטענער פעלערינע — ווער שלאָפט עס אינ טויערנ? שטיי אופ!

— די פוס... — זאָגט נאפטאָלי, נישט קענענדיק זיכ אופהייבנ.

— שטיי אופ! מיר קענענ די קונצנ!...

— וואָסערע קונצנ? — פרעגט נאפטאָלי, נישט פארשטייענדיק, וואָס דער פאָליציאנט אינ דער נאסער פעלערינע וויל פונ אימ.

— פרעגסט נאָכ וואָסערע קונצנ? ביסט א היגער?

— ניינ.

— א פאס האָט איר?

— כ'האָב. — נעמט נאפטאָלי זוכנ אינ די בוזעמ־קעשענעס.

— ווי אלט ביסטו?

— צוואנציק יאָר.

— צוואנציק יאָר? — פרעגט דער פאָליציאנט, קוקנדיק אמאָל אינ נאפטאָליס פאס אונ אמאָל אפ נאפטאָלינ גופע.

— נאָכ וואָס ביסטו דאָ געקומענ?

— כ'בינ אָנ ארבעט אינדערהיימ...

— אָנ ארבעט? הייַדא! אינ טויערנ שלאָפנ איז נישט דערלויבט... נעמ דעמ פאס אונ הייַדא! מארש!

דער פאָליציאנט איז שטיינ געבליבנ אינ טויער אונ נאָכגעקוקט נאפטאָליס דערווייַטערנ זיכ פונ אימ. אָבער נאפטאָלי איז אוועק מיט לאנגזאמע טריט, ער איז געגאנגענ מיט אנ אראָפגעלאָזטנ קאָפ,

אופגעשטעלט דעם קאָלנער פון מאנטל. שטארק אָנגערעגנטע ערטער אפן טראָטואר האָט ער אויסגעמיטן, עס זאָל אים אין די שיך ניט אריינרינען.

דער הימל איז געווען כוישעך, און דער רעגן האָט גרעבער און האסטיקער געגאָסן, ווי אין סאמע באגינען.

— הייסע בייגל! — האָט א באָרוועס ייִנגל אויסגערופן, שטייענדיק אונטער דער שוץ פון א באלקאָן, אז די בייגל אינעם קיישל זאָלן נישט צעווייקט ווערן. — הייסע בייגל!

— זיסע ווייַנטרויבן! — האָט אים א ייִדענע אָנגעוויזן אפ אן עמער זויערע אוגערקעלעך, וואָס זי האָט געטראָגן אין דער לינקער האנט.

צוגלייַך מיט די אויסגעשרייען פון אָט די פארקויפער, האָט זיך דאָ און דאָרט געהערט דאָס אופשליסן פון קראָמען, א הילכיק גריל־צערייַ פון בלעכענע געוועלב־לאָדנס, וואָס לאָזן זיך אראָפ און ציִען זיך ארוף ווי ראָלעטן איבער פענצטער.

— וויפל בייגל? — האָבן דעם ייִנגלס אייגלעך אופגעפלאמט, בייס האנאָווער האָט זיך נעבן אים אוועקגעשטעלט איבערצווווארטן דעם רעגן אונטערן באלקאָן.

נאָר ווען נאפטאָלי האָט א מאך געטאָן מיט א האנט, אז ער וועט נישט קויפן, האָט דאָס ייִנגל זיך גענומען קורטשען בא דער וואנט, ווי עמעצער וואָלט אים פלוצים דערלאנגט מיט א שטיין אונטערן הערצל. זייַנע אייגלעך, וואָס האָבן פריִער אופגעפראלט מיט פלאם, מיט פרייד, האָבן איצט געקוקט מיט אומעט.

— הייסע בייגל! — האָט ער מיט א געבראָכן קאָל אויסגערופן צו די דורכגייער, וואָס האָבן געמילט אונטער צעעפנטע פאראסאָלן.

— הייסע בייגל, אין ענקער מאמעס מאמען!... — פלעגט דאָס יאטל מיט פארשטיקטן קאס אויסשרייַען, ווען א טייל דורכגייער פלעגט פארבייַיאיילן און צומאָל נישט קיין בליק טאָן אפ זייַן „קרעמל“.

— איר נעמט אויך גאָרנישט? — האָט ער זיך ווידער געווענדעט צו נאפטאָלין. האַ?

— ס'איז דיר נישט קאַלט? — האָט נאפטאָלי א פרעג געטאָן.

— ווען איז קאַלט? לאָמיך נאָר פאַרקויפן די בייגל...

— ווי אַלט ביסטו?

דער קליינער האָט זיך אַראָפּגעבויגן, גענומען אַ בייגל פון קויש און איינגעביסן.

— אין צוויי כאַדאָשים אַרום ווערט מיר עלף יאָר...

— עלטערן האָסטו?

— אַ מאַמע.

— וואָס טוט זי?

— איר ווערט אין מיר אַריינגערעדן און דערווייל... מע דאַרף אַכטונג געבן... — האָט דאָס יינגל מיט שרעק זיך פּלוצים גענומען אַרומקוקן — עס קען נאָך אונטערקומען אַ מייליצ-יווישער...[1]) מיט צוויי טעג צוריק בין יאָך ערשט אַרויס פון זייערע הענט. אַ גאַנצן טאָג האָט מען מיך אָפּגעהאַלטן אין פינפטן קאָמיסאַריאַט... דערנאָך האָבן זיי דאָרטן פאַרשריבן אונדזער אַדרעס... זיי וועלן דער מאַמען מאַכן אַ פּראָטאָקאָל, האָבן זיי געזאָגט... מיך האָבן זיי געסטראַשעט. האָב יאָך ווידער מוירע, און די מאַמע האָט אַסאַך מוירע פאַר זייערע פּראָטאָקאָלן... וואָס קאָן מען איר טון? זי האָט זיי אין דער ערד!... זי ליגט אין שפּיטאָל מיט אַ צעבראָכענער האַנט...

— שוין לאַנג, אַז דו פאַרקויפסט בייגל? — האָט נאַפּטאָלי אַ פרעג געטאָן.

— באַלד אַ יאָר. — האָט ער געענטפערט — מיט דריי יאָר צוריק האָב איך אויך געהאַנדלט צוביסלעך... נו, קויפט שוין עטלעכע בייגל.

נאַפּטאָלי האָט גענומען עטלעכע בייגל און דעם קליינעם דערלאַנגט אַ מאַטבייע.

— נו, דער רעגן האָט שוין אויפגעהערט... מע דאַרף גיין... — האָט דאָס יאַטל אויפגעהויבן דעם קויש און מיט די באָרוועסע פיסלעך גענומען פּאַטשן איבערן נאַסן טראָטואַר.

---

[1]) אַ פּאָליציאַנט.

— וואָס וועט איר עסן? — האָט א פרעג געטאָן בא נאַפּטאָלין די קעלנערין, בייס ער איז אפ דזשיקע־גאס אריין אין א בילינק טיי־געוועלבל און זיך דאָרט צוגעזעצט צו א טישל — וואָס געבן?

ער האָט זיך געהייסן געבן טיי מיט ברויט. נאָר נאָכן אָפּעסן געבליבן זיצן א צעטומלטער. וואָרעם אין די קעשענעס, ווו זײַנע פינגער האָבן געזוכט געלט, איז אויסער עטלעכע רעקלאַמע־פּאַפּירלעך גאָרנישט געווען. „פאַרלוירן, ווײַזט אויס, די לעצטע פּאָר גראָשן". — האָט ער א טראַכט געטאָן מיט קאַס אפ זיך. „דער זיקאָרן שלאָפט אין מיר". — האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט, דערמאָנענדיק זיך, אז ער האָט נישט פאַרלוירן, נאָר אוועקגעגעבן דעם ייִנגל פאַר די בייגל.

אין טיי־געוועלבל איז דערווײַל ענג געוואָרן פון מענטשן, וואָס האָבן זיך גענומען זאַמלען בא די טישלעך און זוכן שטולן צום זיצן.

— וואָס צאָלט דאָ דער מענטש? —האָט די אייגנטימערין פון דעם געוועלבל א פרעג געטאָן בא דער קעלנערקע, אָנווײַזנדיק אפ נאַפּטאָלין.

— איר וועט מיר אנטשולדיקן. — האָט נאַפּטאָלי נישט דרייסט און שטיל א זאָג געטאָן צו דער פרוי, אז קיינער פון די געסט בא די טישלעך זאָל נישט דערהערן, — כ'האָב נישט קיין געלט... כ'האָב נישט געוווסט...

— וואָס הייסט איר האָט נישט קיין געלט? וועמען גייט עס אָן? — האָט זי אויסגערופן אפ א קאָל, אז נאַפּטאָלי האָט נישט געוווסט, ווו דאָס פּאָנעם צו באַהאַלטן פון די אַרומיקע בליקן, וואָס האָבן זיך אפ אים אָנגעשטעלט, — אז מע האָט נישט, עסט מען נישט, יונגערמאַן! יאָ, יאָ.

— כ'וועל אײַך שפּעטער ארײַנברענגען...—האָט נאַפּטאָלי ארויס־געשטאמלט.

— בא מיר איז נישטאָ אפ באָרג... נעכטן האָט איר אויך נישט באַצאָלט...

נאַפּטאָלי האָט טרוקן א הוסט געטאָן, פילנדיק ווי איבערן גאַנצן לײַב נעמט אים באַגיסן א היץ, און וואָס מער די פרוי האָט גערעדט,

אַלץ מער האָט אים די היץ געשטיקט, אַז ס'איז אים געוואָרן שווער א וואָרט ארויסצורעדן.

— יאָ, יאָ, יונגערמאַן, פאַר נעכטן זענט איר אויך שולדיק...—האָט די פרוי געטײַנעט מער פאַר די געסט בא די טישלעך, ווי צו נאַפּטאָלין.

— פאַר נעכטן?—האָט האַנאָווער זיך אָנגענומען מיט קויעך, — וויאַזוי פאַר נעכטן, אַז איך בין דאָ דאָס ערשטע מאָל? דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן...

— איך זע אײַך דאָ יעדן טאָג... עפּשער א יאָר צײַט, אַז איר קומט דאָ ארײַן...

— נו, לאָזט אים שוין גיין. מיר וועלן אײַך שוין... — האָט עמעצער פון די געסט ארײַנגעוואָרפן.

א דערשלאָגענער איז נאַפּטאָלי ארויס פונעם טיי־געוועלבל, זוכנדיק נאָך אַלץ אין די קעשענעס: עפּשער האָט זיך נאָך דאָרטן פארוואַל־גערט אביסל גראָשנס צווישן די פּאַפּירלעך. ווען ער איז שוין געהאט אָפּגעגאַנגען א שטיק וועג און געוואָלט ארײַנגיין אין דער גאַס, ווו דער קוזין וווינט, האָט אים פּלוצים אָפּגעשטעלט א מענטש. דער מענטש איז געווען פון מיטעלן וווקס, א זייער אָפּגעמאָגערטער, מיט גריבער אין די באַקן. ער האָט געטראָגן ברילן און ס'האָט אים גע־פעלט עפּשער א העלפט פון די פאָדערשטע ציין.

— מײַן נאָמען איז ציפּעל, — האָט דער מענטש זיך פאָרגע־שטעלט, — דערלויבט מיר צו זײַן מיט אײַך באַקאַנט.

— וואָס עפּעס? — האָט נאַפּטאָלי זיך געוווּנדערט.

— איך האָב בײַגעווווינט די געשיכטע בא יאַשקען. — האָט דער מענטש א זאָג געטאָן.

— בא וועלכן יאַשקע?

— אין דעם טיי-געוועלבל.

— אַ! — האָט נאַפּטאָלי אויסגערופן. עס איז אים אומאָנגענעם געווען צו שטיין מיט א פרעמדן, וואָס האָט בײַגעווווינט די געשיכטע.

— איר מוזט אוואדע זײַן פון דער פּראָווינץ? — האָט ציפּעל א פרעג געגעבן.

נאפטאָלי האָט נישט גערן געענטפערט און זיך ווידער געוואָלט געזעגענען.

— איילט נישט. איך האָב פאר אייך עפּעס. מען דארף איבער־שמועסן... זיך די־כגיינ אביסל...

עטלעכע טריט פון זיי האָט זיך אָפּגעשטעלט א בלינדער ייִד און מיט אויסגעשטרעקטע הענט געבעטן בא די דורכגייער, מע זאָל אים אריבערפירן אפ דער אנדערער זייט גאס.

— פירט מיך אריבער, — האָט ער זיך געבעטן, — האָט ראכמאָ־נעס, מענטשן...

דעם ייִדנס געבעט איז אָבער געוואָרן פארלוירן אינ קלינגערייַ פון טראמווייַען, אינ סיגנאלן פון אווטאָמאָבילן, און אינ מענטשלעכן געלויף.

---

נאפטאָלי און ציפּעל האָבן גערעדט און געשפּאנט. די זון האָט ניט געלויכטן. דער הימל איז געווען אָן ליכט, אָן פרייד. אָנגעכמורעטע וואָלקנס האָבן בלינד געוואָגלט, אָנזאָגנדיק אפסנייַ א רעגן.

— איך לייג אייַך פאָר א גוטע זאַך. ס'וועט אלנפאלס נישט זייַן ערגער ווי דאָ. דאָ אינ שטאָט וועט אייַך צומאָל קיינער נישט לאָזן איבער דער שוועל, און באם גיינ איבערן לאנד זוכן ארבעט, איז גאָר עפּעס אנדערש... באם גיין פון שטאָט צו שטאָט קען מען דער־וויַל איבערנעכטיקן אינ דערפער, און א פויער וועט אייַך נישט ארויסלאָזן פון זייַן שטוב א הונגעריקן... איר פארשטייט?

נאפטאָלי האָט געהויבן די אקסלען. דעם מענטשנס רייד זייַנען פאר אים געווען אי נייַ, אי אומגלויבלעך.

— ניין, איך ווייס נישט. — האָט ער א זאָג געטאָן — איך מוז נאָך פרווון...

— א שאָד אייַער ענערגיע. איך דריי מיך שוין ארום באלד אָנדערהאלבן יאָר, — האָט ער ארויסגערעדט, מאכנדיק א שטארקע באוועגונג מיט דער רעכטער האנט, — אָט נאט אייַך, — האָט ער פלוצים ארויסגעכאפּט א צייַטונג פון קעשענע — „עלף מענטשן זייַנען

נעכטן באגאנגענע זעלבסטמאָרד. אכט מאנ האָבן זיך געוואָרפן פון הויכע שטאָקן... דריי האָבן זיך פארסאמט... און דאָס אַלץ פון ארבעטסלאָזיקייט און היימלאָזיקייט...״

— קלערט אייך איבער, — האָט דער מענטש ווייטער גערעדט, — ס׳איז א שאָד יעדער טאָג. איר זאָלט מיך האָרכן. מיינט נישט, איך בין אייך א סוינע אָדער וואָס. איר קענט מיך נאָך נישט, ווען איך האָב אייך געזען אינ טיי־געוועלבל, האָב איך פונקט געלייענט וועגן די עלף זעלבסטמערדער... איך בין אייך נאָכגעגאנגען, ווייל עס האָט מיר עפּעס א קלאַפּ געטאָן אינ הארצן, אז איר קענט עפּעס אָפּטאָן א נארישקייט...

נאפּטאָלי האָט זיך פאַנאנדערגעלאכט.

— ס׳איז גאָרנישט קיינ געלעכטער. פאר אזעלכע ווי מיר, איז יעדער טריט אינ שטאָט א טריט פון אונטערגאנג... עס דערפירט אונדז צו שרעקלעכע געדאנקען...

— אויב איר ווילט זיך ראטעווען, — האָט דער מענטש פאָרגע־זעצט שוינ אביסל א הייזעריקער, — זאָלט איר נישט פארשלאָפן דאָס, וואָס איך לייג אייך פאָר. ס׳איז א שאָד יעדער טאָג...

— אָבער הייַנט איז דאָך רעגנדיק, — האָט נאפּטאָלי אָנגעוויזן אפן הימל.

— דאָס איז גאָרנישט. הייַנט איז רעגנדיק, און מאָרגן קען די זון א סמאַלע טאָג. ס׳איז שוינ יוני, איר פארשטייט?

נאפּטאָלי האָט ווידער געהויבן די אקסלען. פאר זיינע אויגן האָבן שוינ געשוועבט אומגעריכטע אונבאקאנטע ווייטקייטן, פעלדער, דערפער, אומענדלעכע שאָסייען, אפ וועלכע ער וועט זיך דארפן שלעפן, נישט וויסנדיק וווהינ. דאָרט, ווו ער וועט טאָגן, וועט ער נישט נעכטיקן און דאָרטן, ווו ער וועט נעכטיקן, וועט ער נישט טאָגן. אזוי אָן א סאָף... עס קאָן אזוי דויערן וואָכן מיט כאדאָשים... ער וועט צומאָל נישט קענען שיקן אהיים א בריוול צו די עלטערן, צו וועלכע ער האָט סאכאקל געשריבן איינ מאָל און צוגעזאָגט אָפט צו וויסן געבן וועגן זיך. איז וואָס וועט איצט זיינ? וואָס וועט ער וועגן

זיך מיטיילן די עלטערן, אויב ער וועט זיך לאָזן אין וועג אריין מיט דעם מענטש? וואָס וועט ער זיי דעמלט שרייבן? אפ וועלכן אדרעס וועט ער זיך הייסן ענטפערן?

— איז ווי? — האָט ציפעל א פרעג געטאָן, — מיר באשטימען זיך אָדער נישט?

— כ'ווייס אליין נישט. — האָט נאפטאָלי געזשמורעט די אויגן.

— זייט נישט קיין יינגל, וואָס וועט איר דאָ איינשטעלן?

נאפטאָלי איז געשטאנען א צעטומלטער. צום סאָף האָט ער איינגעפונען, אז ער קען מיט דעם מענטשן אָפשמועסן צו טרעפן זיך, און טרעפן קען ער זיך מיט אים אפ דער גאס, ווו דער קוזין וווינט און אז דאָס אָפשמועסן וועט אים נאָך מיט גאָרנישט נישט בינדן, ער וועט קענען באשליסן, וואָס אים וועט נאָר געפעלן.

— מיר וועלן זיך באשטימען אפ מאָרגן. — האָט ער א זאָג געטאָן.

— אָפגעמאכט! — האָט ציפעל אן אופגעלעבטער געדריקט נאפטאָלין די האנט. — מאָרגן, צוועלפ באטאָג? אפ נאָוואָליפיע-גאס?

נאָכן געזעגענען זיך מיט ציפעלן איז נאפטאָלי טאקע גלייך אוועק אפ נאָוואָליפיע-גאס געוואָר ווערן, צי דער קוזין איז שוין געקומען.

— געקומען, — האָט די באלעבאָסטע, וועלכע האָט אים געעפנט די טיר, ארויסגעברומט, — גייט אריין.

דער קוזין האָט זיך דערפרייט און נאָכן אוועקזעצן זיך מיט אים אפ דער סאָפע, גענומען אויספרעגן וועגן ווייטן שטעטל, ווו ער איז שוין נישט געווען יאָרנלאנג. נאָר שפעטער, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, וואָס נאפטאָלי פארלאנגט פון אים, אז ער וויל דאָ בא אים זיין, ביז ער וועט געפינען ארבעט, האָט דער וואָיאזשאָר א פארזאָרגטער גענומען גיין הין און צוריק איבעם שטארק אָנגערויכערטן צימער, ווו עס זיינען געשטאנען צוויי צעעפנטע טשעמאָדאנעס. ער האָט גענומען בעטן אנטשולדיקונג בא נאפטאָלין, וואָס ער קען אים מיט גאָרנישט העלפן. בא אים גופא זיינען די געשעפטן שלעכט. אָט האָט ער פארבראכט דריי וואָכן אין וועג, זיך אויסגעמאטערט

אפ די באנענ אונ געבראכט קלאָגעדיקע באשטעלונגענ פאר דער פירמע, ס'איז א קריזיס אינ לאנד, א שלעכטע צײַט, אונ ער האָט מוירע די פירמע וועט זיך מוזנ ליקווידירנ.

ווידער וועגנ שלאָפנ בא אימ, קענ אויך נישט זײַנ קיינ רייד. ער האָט א פרוי, אונ זיי האָבנ אינגאנצנ איינ צימער בא יענעמ.

— אונ די גאנצע צײַט ווו ביסטו געשלאָפנ? — האָט ער נאָך אלץ געשפאנט א פארזאָרגטער מיט פארלייגטע הענט אפ דער ברוסט.

נאפטאָלי האָט אימ אפילע נישט געקענט ענטפערנ. ס'איז אימ אויך שווער געווענ זיך אופצוהייבנ פונ דער סאָפע, ווי שווער עס איז אימ שוינ געווענ דאָס זיצנ אפ איר, וואָרעמ ער האָט שוינ נישט געקענט קוקנ אינ דעמ קוזינס אויגנ.

„וואָס נארט ער מיך נאָך? וואָס דערציילט ער מיר, אז ער האָט א פרוי?" — האָט נאפטאָלי געקלערט מיט פארדראָס.

— קליינע האָפענונגענ הײַנט צו באקומענ ארבעט אינ ווארשע... — האָט דער וואָיאזשאָר א זאָג געטאָנ — אסאך פאבריקנ שליסנ זיך...

צומ סאָפ האָט ער נאפטאָלינ געגעבנ אנ אדרעס מיט א פאָר ווערטער צו זײַנעמ א פרײַנט אפ א שכיינעסדיקער גאס. נאפטאָלי האָט דעמ אדרעס נישט געוואָלט אָנרירנ, אָבער פילנדיק, אז די נאכט וועט ער שוינ פאלנ אפ די שטיינער פונ אויסגעמאטערטקײַט, האָט ער דאָס שטיקל פאפירל צוגענומענ אונ עס ארײַנגעלייגט אינ קעשענע פונ מאנטל.

אינ עטלעכע שאָ ארומ איז ער מיט דעמ פאפירל געגאנגענ איבער זייער פיל טרעפ, ערגעץ אפ א פינפטנ שטאָק. אינ טונקלקײַט האָט אימ א יידענע געעפנט א טיר. די יידענע האָט געטראָגנ א צע־פלאָשעט שייטל מיט ברילנ, דורכ וועלכע זי האָט אימ פאָרשנד אָנגעקוקט אונ גיך מיט היצ גענומענ דערציילנ, אז גאָלדוואסער, אפ וועמענ ער פרעגט, איז איר שולדיק פאר דרײַ כאדאָשימ דירע־געלט, ער האָט בא איר געלאָזנ א קליינ קעסטל, א זעלנעריש קעסטל מיט שמוציקע פאפירנ. „די פאפירנ האָב איך פארברענט". — האָט זי א זאָג געטאָנ — „אונ דאָס קעסטל", — האָט זי נאפטאָלינ אָנגעוויזנ

אפּ א קעסטל מיט אַן אופגעבראָכן שלעסל, וואָס זי האָט פון אונטער א בעט אַפּערגענומען — „אויב ער קומט נישט דערנאָך, וועט עס אויך פאַרפאַליעט ווערן!".

באַם אַראָפּגיין פון אָט דער פרויס שטוב האָט נאַפּטאָלי זיך אָפּגעשטעלט נאָך יעדן טריט. אפּ יעדער טרעפּ געבליבן שטיין. „ווו גייט מען?" — האָט ער געקלערט. נאָך די איינוווינער פון דעם הויז, וואָס האָבן זיך פונקט געדרייט אַרופּ און אַראָפּ איבער די שטיגן, האָבן אפּ אים גענומען קוקן מיט כשאַד און פאַרדאַכט, אים אָנגענומען פאַר א גאַנעוו, וואָס קוקט דאָ אויס עמעצן צו באַגאַנווענען.

אינדרויסן האָט נאַפּטאָלי באַגעגנט ציפּעלן, וואָס האָט אים מער נישט אָפּגעלאָזט. אפּדערנאָכט האָט ער נאַפּטאָלין מיטגעפירט אין דער שטוב אַריין, ווו ער האָט זיך אופגעהאַלטן.

די באַלעבאָסטע, באַ וועלכע ציפּעל האָט זיך אופגעהאַלטן, האָט געניים וועש פאַר גרויסע הורטאָווע געשעפטן אפּ די נאַלעווקעס. א דאַרע, א קליינע, פלעגט זי אופשטיין זעקס אינדערפרי און מיט אַן עלטערער פאַרזעסענער שוועסטער אָפּזיצן זעכצן שאָ באַ די ניי־מאַשינען. ווען אפּן גרויסן הויפּ פלעגט שוין זיין נאַכט, פלעגן זיי נאָך אַלץ זיצן פאַרהאָרעוועטע מיט געבויגענע קעפּ איבערן נייעכץ, און פון דער גאַנצער שווערער פראַצע איז זיי אָפּטמאָל אויסגעקומען אַרומצולויפן באַ די שכיינים באָרגן אפּ מיטאָג.

— ווער איז דער יונגערמאַן? — האָט דאָס ווייבל א פרעג געטאָן, בייס ציפּעל האָט פאָרגעשטעלט נאַפּטאָלין און דערקלערט, אַז ער וועט דאָ די נאַכט שלאָפן.

— ווו וועט איר אים לייגן? — האָט די מוטער אירע זיך אָנגערופן, שטייענדיק באַ דער פאַרקאָפּטשעטער קיך — ס'איז דען דאָ ווו?

— מיר וועלן שוין ווי ס'איז דורכקומען, איין נאַכט אינגאַנצן... — האָט ציפּעל מער געענטפערט דעם ווייבל באַ דער מאַשין ווי דער אַלטער, — איין נאַכט... מאָרגן גייען מיר אין וועג אַריין... גענוג מיט וואַרשע...

— און ערגעץ אנדערש וועט איר יאָ קריגן ארבעט? ס'איז אומעטום איינ וועלט... מײַנע איידעמס דרייען זיך אויך ארום מיט די הענט אינ די קעשענעס... גאָט זאָל זיך דערבארעמען...

— וואָס האָסטו זיך עפּעס פּלוצים צערעדט? — האָט די טאָכטער א זאָג געטאָן צו דער מוטער, — גיב בעסער דעם יונגנמאנ עפּעס עסנ... עפּשער איז ער הונגעריק... גיס אָנ טיי.

די אלטע האָט זיך גענומענ פּאָרענ. צו דעם טיי האָט זי, אייגנט-לעך, נישט געהאט וואָס צו דערלאנגענ: טרוקנ ברויט מיט א שטיקל קעז. דאָס איז געווענ אלצ.

אָבער פאר נאפּטאָלי איז דאָס געווענ זייער אסאך. נאָכ דעם קאלטנ אופנאמ פונ קוזינ האָבנ דעם ווײַבלס ווארעמע ווערטער אימ אזוי ווארעמלעכ צערודערט, גלײַכ מע וואָלט אימ דאָ אוועקגעזעצט בא א רײַכ סערווירטנ טיש מיט קאָל-טוּוו, און ער ווייסט נישט פונ וואָס פריִער אָנצוהייבנ.

---

צומאָרגנס האָט די זונ אופגעלויכטנ איבער דער שטאָט מיט היצ און פארנעקײַט. מענטשנ האָבנ פונ זיך אראָפּגעוואָרפנ די שווערע מאלבושימ, גענומענ שטראָמענ אינ זומערדיקנ איבער די גאסנ. פרויענ זײַנענ ארויס מיט די קינדער אינ די גערטענער, אפ די סקווערנ. אפ די הינטערשטאָטישע שאָסייענ זײַנענ באלעגאָלעס געפאָרנ מיט גע-פּאקטע וועגעלעכ בעטגעוואנט צו די דאטשעס.

ס'איז שוינ געווענ שפּעטער טאָג, ווענ האנאָווער און ציפּעל האָבנ זיך טאקע געפונענ אפ איינעמ אזא שאָסיי, ווו עס זײַנענ גע-פאָרנ אָט די געפּאקטע וועגעלעכ מיט בעטגעוואנט.

פונביידע זײַטנ שאָסיי האָבנ זיך געצויגנ טיפע ראָווונ, באַ-וואקסענע מיט שיטערנ גראָז. נאפּטאָלי און ציפּעל זײַנענ געווענ מיד פונ גיינ. זיי זײַנענ אראָפּ אינ איינעמ פונ די ראָווונ און זיך דאָרטנ אוועקגעלייגט מיט די פּענעמער צומ הימל.

אינ זייערע קעפּ האָט נאָכ גערוישט דער שטאָטישער טומל, ווענעס עכאָ האָט זיך דאָ אָפּגעזעצט פונ א לעצטער טראמווײַ-סטאנ-

ציע, פון פארביַיפאָרנדיקע אווטאָמאָבילן, לאסט־מאשינען און פון צע־סאָפּעטע באנ־לאָקאָמאָטיוון צווישן די פעלדער.

— מיר דארפן נאָך היַינט דורכמאכן כאָטש א פופצן קילאָמע־טער, — האָט ציפּעל זיך פּלוצים אופגעזעצט און גענומען ווישן די ברילן, — כאָטש אפּ פופצן קילאָמעטער זיך דערוויַיטערן פון שטאָט...

נאפּטאָלי האָט אים ניִשט געהערט. ער איז געלעגן מיט פאר־מאכטע אויגן צו דער זון און ווידעראמאָל געטראכט וועגן דער היים און וועגן די עלטערן, צו וועמען ער האָט סאכאקל געשריבן איין בריוול. איצט לאָזט ער זיך אין אומבאקאנטע וועגן זוכן אר־בעט. דאָרט, וווּ ער וועט טאָגן, וועט ער ניִשט נעכטיקן, און דאָרט וווּ ער וועט נעכטיקן, וועט ער ניִשט טאָגן. ער וועט ניִשט האָבן קיין אדרעס, אפּ וועלכן מען זאָל אים ענטפערן.

— כאווער האנאָווער, — האָט אים ציפּעל א ריר געטאָן פאר א פוס, — הייבט איַיך אוף. מיר דארפן נאָך היַינט דורכמאכן כאָטש א פופצן קילאָמעטער, עס ווערט שפּעט.

— יאָ, יאָ, — האָט נאפּטאָלי זיך אופגעכאפּט א צערודערטער און פארלוירן גענומען קוקן ערגעץ אין די וויַיטקייטן פון די אומענד־לעכע פעלדער.

— זיַיט ניִשט אזוי צערודערט. — האָט ציפּעל צו אים גענומען ריידן. — נו, אופגעשטאנען, כאווער. אביסל רירעווידיקער, מוטיקער.

נאפּטאָלי האָט זיך איַינגעקוקט אין ציפּעלן און זיך געוווּנדערט, פונוואנען נעמט זיך צו זיך אָט דעם אָפּגעמאָגערטן מענטשן מיט די אויסגעשלאָגענע ציין אזא היץ און פּיבער אינעם ריידן. די שטאָט האָט ער אויך אזוי פארלאָזן מיט אן אימפּעט, מיט א האסטיקיַיט, מיט עפּעס אן עקל און מיט א שפּיַי, בייס מיט אים, נאפּטאָלין, איז דאָס געווען גאָר אנדערש. ער, נאפּטאָלי, האָט אין דער שטאָט אויך ניִשט געהאט קיינשום גוטס, פונדעסטוועגן האָט זיך אים נאָך יעדן שטיקל וועג אָפּגיין אלץ אויסגעדוכט, אז ער לאָזט דאָרטן עפּעס איבער, אז ער דארפ זיך נאָך אומקערן עפּעס צו זוכן, עפּעס צו דערגרייכן דאָרט.

---

# אַן אומגעריכטע לעקציע

עפּשער צוויי כאַדאָשים נאָכדעם, ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן די טומלענישן מיט די געשלעגן אין די הויכשולן, האָט מאַדאַם קראַקאָווסקאַ קעסיידער איינגעטייַנעט מיט דער טאָכטער, אַז זי זאָל אַהין נישט גיין, וואָרעם סטודענטן מיט סטודענטקעס זייַנען איצט דאָרטן מער פאַרנומען מיט זייערע „צעקלאַפּטע קעפּ", איידער מיט וועלכן ס'איז שטודיום.

אָבער אַנדזשע האָט דער מוטערס רייד נישט געוואָלט הערן, וואָרעם די אַלע צעשלאָגענע זייַנען קיינמאָל נישט געווען איר געזעלשאַפט. זי האָט זיך טאָמיד געהאַלטן ווייַט פון זיי, פּונקט ווי אירע עלטערן האָבן זיך געהאַלטן ווייַט און פרעמד פון זייערע אָרעמע קרויווים.

— אַז מע הייסט זיי זיצן אַפּ לינקס, דאַרפן זיי זיצן אַפּ לינקס...—פלעגט זי ענטפערן דער מוטער.

אירע כאַווערטעס זייַנען שטענדיק געווען בלויז פּוילישע מיידלעך, וואָס מיט אַ טייל פון זיי האָט זי נאָך געלערנט אין גימנאַזיע. זי פלעגט אָפּט אַרייַנקומען צו זיי אַהיים און פיל מאָל זיי אַרויסגעהאָלפן מיט איר וויסן, מיט אירע רייַכע ידיעות אין פּוילישער געשיכטע. די כאַווערטעס האָבן זי געהאַלטן פאַר אַ פּוילישע. „אַנדזשע קראַקאָווסקאַ" האָט אויך געקלונגען פּויליש, און, קוקנדיק אַפּ איר פּאַריסן נעזל, גרויע אויגן און העל-בלאָנדע האָר, האָט אויך קיינעם גאָרנישט נעקענט אייַנפאַלן, אַז זי איז נישט קיין פּוילישע, און אַנדזשע איז געווען איבערגליקלעך, וואָס זי זעט טאַקע אויס אַזוי.

באזונדער איז זי געווענ נאָענט מיט איינער א העלענע, א געפאקטע מויד מיט קרומע פיס און מאָרעשכוירעדיקע אויגנ. זי איז געווענ די עלטסטע פונ קרײַז און זיכ שלעכט געלערנט.

העלענעס פאָטער איז געווענ א פאָליציי־קאָמיסאר אפ דער פראָווינצ, און יעדנ כוידעש פלעגט ער איר צושיקנ א געוויסע סומע געלט מיט בריוו. אינ די בריוו פלעגט ער פאָדערנ, אז זי זאָל זיכ גוט לערנענ. ער פלעגט איר קעסיידער דערמאָנענ, אז זי איז געבליבנ הינטערשטעליק אפ צוויי יאָר און קוים וועט עס ווײַטער אזוי אָנהאלטנ, זי וועט נישט פאָרויסגייענ אינ דער לערע, וועט זי מעגנ אלצ אײַנפאקנ און אהיימקומענ.

— זע נאָר, לייענ נאָר איבער! — פלעגט העלענקע געבנ אנדזשענ די בריוו צו לייענענ, — זע נאָר, ער מאכט מיכ מעשוגע, דער אלטער, כ'בינ צעדולט.

זי פלעגט זיכ טוליענ צו אנדזשענ, און אנדזשע פלעגט העלענקענ בארויִקנ, און נישט בלויז בארויִקנ, נאָר איר אויכ העלפנ, אז זי זאָל נישט בלײַבנ הינטערשטעליק. יעדנ אפדערנאכט פלעגט זי לויפנ צו העלענקענ ערגעצ אפ אלטשטאָט. זי פלעגט איר אויכ אָפּגעבנ פרײַע טעג, ווענ דורכ די צעעפנטע צוויי גרויסע פענצטער פונ העלענקעס צימער האָט זיכ געזענ א זומערדיקער הימל מיט דער ראכוועסדיקער זומערדיקער ווײַסל. אינ דעמ צימער פלעגט אנדזשע אָפּזיצנ שאָענ נאָכ שאָענ, א צופרידענע פונ דער מיסיע, וואָס זי העלפט העלענענ מיט אירע קענטענישנ.

אָבער העלענקעס קאָפּ איז געווענ צעטומלט און פארטשאדעט בא דער לערע. אלע פיר וואָכנ פלעגט זי זיכ ארײַנוווארפנ אינ דעמ בעטל בא די צוויי גרויסע פענצטער און אנ אנ איינזאמע, א פארלאָזענע, מיט א צערודערטנ מויעכ באוויינענ א פרישע ליבע־אנטוישונג.

— ווי אומגליקלעכ איכ בינ... — פלעגט זי דאנ קלאָגנ פאר אנדזשענ, — איכ בינ געווענ זיכער, אז „ער" איז עפּעס...

ווענ עס האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די טומלענישנ מיט די געשלעגנ אינ אוניווערסיטעט, האָט העלענקע אופגעלעבט. מיט א באזונדערנ

ברעג האָט זי געגומענ ארומפלאַטערנ און ארומצאַפּלען צווישן די שלעגער, ווי א שמעטערלינג ארום פייער. מיט איר געפּאַקטן גוף און קרומע פיס פלעגט זי אויסוואַקסן אין די קאָרידאָרן, אפן הויף. בא יעדן אינצידענט פלעגט זי שטיין און פישטשען און שרייען, ווארפן מיט די הענט „דאָ פאַלעסטיני! דאָ באָלשעווי!". אירע אויגן, וואָס האָבן פריער געקוקט מיט אומעט און מאָרעשכוירע, האָבן דאָ אופגעפלאַקערט מיט צופרידנקייט, מיט סינע, מיט האס און פאראכטונג, גלייך אין דעם אלעם, וואָס האָט זיך דאָ אזוי איבערגעקערט, וואָס מען טרייבט און מען שלאָגט, וואָלט זי נעקאָמע געגומען נישט בלויז פאר איר שלעכטן לערנען, נאָר אויך פאר אירע אלע דורכפאַלן אין די ליבעס.

„עס וועט זיך ערשט אָנהייבן"...—פלעגט זי זאָגן צו אנדזשען, און אין די ווערטער, אז „עס וועט זיך ערשט אָנהייבן" האָט אנ־דזשע ווי ארויסגעפילט העלענקעס פארלאַנג, אז עס זאָל זיך אויך קיינמאָל נישט ענדיקן.

אז עס קען זיך טאַקע קיינמאָל נישט ענדיקן, דערפאר האָבן אויך מוירע געהאט פיל פוילישע אקאַדעמיקער. זיי האָבן אָפן ארויסגעזאָגט זייער שרעק, וואָס א יאָר לערע ווערט צעריבן און פארטאַכלעוועט. „דער בילדונגס־מיניסטער האָט אופגענומענ א דעלעגאַציע און צוגעזאָגט דעם איניען אויסצופאָרשנ".—פלעגן די צייטונגען מיטיילן פון צייט צו צייט. אָבער שטענדיק נאָך אזוינע יעדיעס פלעגט דאָס שלאָגן און טרייבן אין אוניווערסיטעט זיך אפסניי צעפלאַקערן מיט א פרישן ברען און פרישער ענערגיע. מע האָט ווידער די יידישע סטודענטן געטריבן פון די רעכטע בענק צו די בענק, וואָס שטייען לינקס. יידישע סטודענטקעס האָט מען ווידער געריסן פאר די האָר, אומגעוואָרפן און געקאָפּעט. אכט־צען מאָל פלעגן ווידעראַמאָל אָנפאַלן אפּ איינ מיידל און זי שלעפּן איבער דער גאַנצער לענג פון קאָרידאָר מיט ווילדע געלעכטערן, און ווען עמעצער פון די פוילישע אקאַדעמיקער האָט זיי דאָס גע־פרוווט שטערן, האָט מען שוין יענעם פון דער „גיכע־הילפ" גע־מוזט באַדעקן דאָס פּאָנעם מיט באַנדאַזשן...

— א מאַסקווער אגענט!—האָבן זיך דעמאָלט געהערט אויסרופן.

— אַן אַגענט פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל!

— דורכן פענצטער אים  אַרויסשלײַדערן! דורכן פענצטער!

אַנדזשע פֿלעגט טײלמאָל באַ אַזעלכעס שטײן  בלײַבן אַן אָפּגע־זונדערטע, אַ פאַרטראַכטע אין זיך, ווי זי וואָלט זיך עפּעס ווערלן דערמאָנען! נאָר באַלד פֿלעגט זי זיך כאַפּן, אַז דאָס שטײן אַזוי אָפּגעזונדערט און פאַרטראַכט קען זי נאָך פאַראַטן, עמעצער קען נאָך באַמערקן.

— אײַנגעאַקשנטע כעוורע...

—מ׳עט זײ אײַנברעכן...

— באַ מיר וואָלטן זײ אַלע געלעגן אין דער ווײַסל.

אַנדזשע פֿלעגט קלוימערשט צושמייכלען, אויסהערנדיק די אַלע רייד. אַזוי אַרום, האָט זי געטראַכט, וועלן זייערע קלעפּ זי אויסמײַדן.

נאָר הײַנט, ווען די לעקציע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַ לאַנגן איבער־רײַס, זײַנען צו איר פּלוצים צוגעשטאַנען צוויי סטודענטן, הויכע מיט וואָנסעלעך, מיט טשופּרינעס איבער די שטערנס און איר געהייסן זיך איבערזעצן אַף לינקס.

— פאַר ייִדן און קאָמוניסטן איז דאָרטן! אַף לינקס!

אין דער ערשטער רעגע האָט אַנדזשע ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. זי האָט געמיינט, אַז זיי זאָגן דאָס צו עמעצן פון אירע כאַווערטעס, נאָר ווען די צוויי סטודענטן האָבן זי גענומען שלעפּן פאַר די הענט, איז זי געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט. זי האָט שוין גאָרנישט געהערט, ווי מע שרײַט פון די הינטערשטע שטולן, נישט געפילט, ווי מע צופּט זי און מע קנײַפּט זי.

— זי איז אײַנגעשפּאַרט!—האָבן זיך געהערט קוילעס.

— איבערן קאָפּ!

— איבערן קאָפּ, וועט פון איר אַרויספליִען די אײַנגעשפּאַרטקײַט!

— איבערן קאָפּ!

נאָר אַנדזשע האָט ווידער גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געפילט. זי איז געזעסן אַזוי פאַרלוירן, אַזוי צעטומלט, אַז זי האָט אַפילע נישט געפילט, ווי דער גרויער פּראָפעסאָר סאַדאָווסקי אינעם אָפּגעטראָגענעם קאָסטיום גלעט אירע האָר מיט זײַן האַנט, ווי ער

אפּעלירט צו איר אין נאָמען פון דער וויסנשאַפט, אז זי זאָל ניט שטערן די לעקציע, וועלכע האָט זיך הײַנט אָנגעהויבן נאָך אזא לאנגן איבעררײַס.

— ס'איז דען אַן אונטערשייד ווו מען זיצט? וויכטיק איז דאָך דאָס קענען, דאָס לערנען... איך וואָלט געזעסן אפ א צווײַג, אבי צו קענען...

— שטעלט זיך נאָך אקעגן דעם פּראָפעסאָר! — איז העלענקע אופגעשפּרונגען מיט רעציכע צו אנדזשען.

העלענקעס קאָל האָט אנדזשען ווי ארויסגעריסן פון איר פאַר־שטיינערטקייט. אז העלענקע וועט דאָ מיטהאַלטן מיט אַלעמען, דאָס איז פאַר איר געווען אומגעריכט... זי האָט געמיינט, אז העלענקע וועט זיך פאַר איר אײַנשטעלן, וועט אַלעמען אָנזידלען, און דאָ?

— נו, רירעוודיקער! — האָבן די סטודענטן מיט די טשופּרינעס זי געשטויסן — האַלאָ! פאַר יידן און קאָמוניסטן איז דאָ נישט קיין אָרט!

איצט איז איר שוין געווען אַלצייגס, וואָס מע וועט דאָ טאָן מיט איר, אַלציינס ווו מען וועט זי דאָ זעצן. און ארײַנרעדנדיק אין איר, אז א לעקציע דארף מען נישט שטערן, האָט דער גרויער פּראָ־פעסאָר סאַדאָווסקי זי אָנגענומען פאַר א האַנט און זי איבערגעפירט אפ לינקס, ווו אַלע שטולן זײַנען געווען ליידיק און פוסט.

— הוראַ! הוראַ! — האָבן די צעיושעטע סטודענטן צוזאַמען מיט העלענקען גענומען אפּלאָדירן — הוראַ! הוראַ!

נאָר צווישן די יידישע סטודענטן, וואָס זײַנען געשטאַנען בא דער וואַנט (ווײַל זיי האָבן נישט געוואָלט נאָכגעבן די שלעגער), איז גע־וואָרן א פאַרוווּנדערט איבערקוקן זיך. זיי האָבן נישט געגלויבט, אז אפ די שטולן פון רעכטס האָט זיך נאָך געפונען עמעצער פון זייערע, און זיי האָבן דעם גאַנצן טומל אָנגענומען אַלס טאָעס, אַלס שפּיל.

פאַר אנדזשען איז דאָס אָבער ניט געווען קיין שפּיל. פאַר איר איז העלענקעס אופירונג געווען אַן אומגעריכטע לעקציע. זי איז געזעסן מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי א פאַרגעסענע פון דער וועלט. זי האָט גע־פלאַמט פון פאַרצווייפלטקייט, ווי איינער, וואָס דערזעט זיך פּלוצים אין א סרייפע און האָט נישט קיין וועג דורך וואַנען ארויס.

---

# קרעמער

עפשער א וואָכ צײַט איז זעליק סעגאל נישט ארויס פונ שטוב. די צוויי פענצטער פונ שלאָפצימער האָט ער נישט געלאָזט עפענענ, די ראָלעטנ געהאלטנ אראָפּגעלאָזנ, גלײַכ אינדרויסנ, פאר זײַנע פענצטער, וואָלטנ זיכ קעסיידער געטראָגנ שטיקנדיקע וואָלקנס רויכ.

— מאניע, מאניע! — פלעגט ער טייל מאָל נעמענ רופנ דאָס דינסט־מיידל, — ווו ביסטו, מאניע?

נאָר נאָכ לאנגע רופענישנ פלעגט ער זיכ ערשט כאפּנ, אז דאָס מיידל ארבעט שוינ נישט בא אימ. זי וווינט בלויז בא אימ אינ הויז.

מיט א יאָר צוריק איז מאניע צו אימ ארײַנגעקומענ א דערשלאָגענע, אנ אויסגעהונגערטע, האָט געטאָנ וואָס מ׳האָט געהייסנ: האָט געקאָכט, געוואשנ, גערוימט די זעקס צימערנ אונ געשלאָפנ אפּ א צעבראָכנ בעטל אינ קיכ.

איצט, זינט די שטאָט איז סאָוועטיש, פארנעמט זי איינע אליינ א צימער אינ זײַנ הויז, אונ ער קענ איר נישט זאָגנ קיינ הויכ וואָרט.

אָבער נישט בלויז מיט איר אליינ האָט ער אזוי. שוינ א כוידעש, אז נאָכ עמעצער פארנעמט דאָ בא אימ א צימער. יענער איז געקומענ מיט אנ אָרדער. דעמ אָרדער האָט ער אפילע נישט געלייענט. דעמ מענטש האָט ער רעכט נישט אָנגעקוקט. אינ זײַנ זיקאָרנ איז נאָר פארבליבנ יענעמס שווארצע היטל מיטנ ברייטנ דאשעק.

זינט דער מענטש וווינט דאָ בא אימ, האָט ער, סעגאל, נאָכ קיינ איינ מאָל מיט אימ נישט געשמועסט. די ווײַב מיט דער טאָכטער,

ווייסט ער, זײַנען מיט אים יאָ נישט פונדערווײַט. זיי שארן זיך עפּעס צו אים. זיי ווייסן, אז ער פארנעמט דאָ א וויכטיקן פּאָסטן אין שטאָט און האלטן אים שוין מאמעש פאר א שטיקל אייגענעם אין שטוב. די טאָכטער, ראָכל, גייט מיט אים אין קינאָ, טעאטער. אָבער פאר אים איז דער מענטש עפּעס ווי מיט סוידעס, ווי סוידעסדיק און אומפארשטענדלעך עס איז אים דער טאָכטערס אופירן זיך, איר פארברענגען מיט דעם פרעמדן.

— וואָס איז דאָ געוואָרן פון מײַן שטוב? — טײַנעט ער אָפט צו דער ווײַב, — וואָס טוט זיך עס דאָ?

— דורך אים קען מען עפּשער עפּעס אופטאָן, — האָט זי אים שטענדיק געענטפערט, — וואָלסט נאָר נישט ליגן... וואָרעם אויב נישט קיין אייגענע קראָמען, וועלן דאָך זײַן אנדערע... עפּעס וועט דאָך ווערן... הערסט, זעליק?

ער פלעגט קיין פערטל פון אירע רייד נישט אויסהערן. נאָר ווען זי האָט גענומען אויסרעכענען נעמען פון קרעמער, וועלכע ארבעטן שוין, דעמאָלט האָט ער איר יאָ ארויסגעוויזן אביסל אינטערעס, אָבער געטאָן האָט ער עס נאָר צוליב דעם, קעדיי איר באלד דערנאָך אופצווײַזן, אז די אלע קרעמער זײַנען גאָרנישט מיט גאָרנישט. עפּעס קליינע קרעמערלעך, נאָכשלעפּערס, געוועזענע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן זיך געוואָרפן צו קרעמערײַ, ווײַל זיי האָבן נישט געהאט קיין שטאָך ארבעט בא זייערע פאכן... ניין, פון די עמעסע, גרויסע געשעפטס־לײַט דערציילט זי אים נישט, נאָר פון אזעלכע, וואָס זײַנען שטענדיק געשטאנען בא פוסטע פּאָליצעס, צומאָל נישט געהאט קיין רעכטן בעגעד אפן לײַב, און זייערע קינדער האָבן געמוזט זוכן ארבעט, העלפן טאטע־מאמע איבערקומען מיטן טאָג פארנאָסע.

— און דײַן קוזין מעלעכיאָר? — פרעגט די ווײַב.

— מעלעכיאָר? — צעלאכט ער זיך, — ער פלעגט דאָך מיר שטענדיק נאָכלויפן נאָך א האלוואָע, וואָס כ'האָב אים מוירע געהאט צו געטרויען...

מיט אימ, און מיט נאָכ אזעלכע זאָל ער זיכ דאָס שטעלנ אינ איינ ריי נאָכ ארבעט?

וואָס טוט זיכ דאָ עפּעס מיט דער ווײַב? וואָס פארגלײַכט זי אימ עפּעס אלצ מיט מענטשנ, בייס זײַנ מיסט האָט דאָכ מער אָנזענ אונ ווערט געהאט, ווי זייער גאנצ לײַב אונ לעבנ? בא אימ איז דאָכ געווענ א קראָמ, ווו אלע גרעסטע נעגידעסטעס פונ שטאָט פלעגנ ארײַנקומענ מיט געשטאָפּטע בײַטלענ געלט. בא אימ האָט מענ דאָכ אײַנגעקויפט פאר די רײַכסטע כאסענעס, פאר גרויסע הוליאנקעס אינ די פּריצישע הויפנ, פרויענ פונ אָפּיצערנ אונ פּאָלקאָווניקעס זײַנענ געקומענ, אונ אלע זײַנענ געוואָרנ באדינט פונ פיר מיידלעכ אינ ווײַסע פארטעכער.

פונ דעמ אלעמ פארגלײַכט זי אימ שוינ מיט יענעמ ביסל קרעמערלעכ, צו ווענענ א רעכטער קוינע האָט נישט געוואָלט ארײַנשמעקנ?

— אכ! — גיט ער א זיפצ.

דער ווײַבס זיצנ אונ איר רעדנ גייט אימ שוינ ווידער נישט אָנ, ווי עס גייט אימ נישט אָנ דאָס טאָג־ליכט, וואָס רײַסט זיכ דורכ די ראָלעטנ. ער זעט זי נישט מער, ער איז פארטראכט. טראכט ווידעראמאָל וועגנ דעמ אלעמ, וואָס זי האָט אימ נאָר וואָס דערציילט וועגנ די קרעמערלעכ.

— וויאזוי האָט מענ אונדז איבערגעלאָזט? — פלעגט ער אינאָוונט טײַנענ צומ פּאָרעצ זשעלינסקי, ווען ער פלעגט דאָ קומענ אינ די פארנאכטנ צוגאסט אונ טיילמאָל פארבלײַבנ אפ וועטשערע מיט נאכטלעגער.

— ווו זײַנענ געווענ די קעפּ?

— די קעפּ? — דער פּאָרעצ ברומט ארויס א קלאָלע אפ די ענגלענדער מיט די פראנצויזנ אונ ווערט רויט פונ קאס.

איידער די געגנט איז געוואָרנ סאָוועטיש, פלעגט יעדנ באגינענ פונ זײַנ פּריצישנ הויפ ארויסגעשיקט ווערנ א געפּאקטער וואָגנ מיט בלעכנ מילכ, מיט קעז אונ פּוטער צו סעגאלס קראָמ. איצט האָבנ זיי

נאָך פאַרלעגענע כעזשבוינעס, וועגן וועלכע זיי רעדן נישט. זשע־לינסקי זיצט גאַנצע אָוונטן שווײַגנדיק מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און שאָקלט דערשלאָגן מיטן גרויסן פּליך.

פון זײַן שווײַגן, פון זײַנע אַראָפּגעלאָזטע אויגן, פּלעגט סעגאַלן עפּעס ווערן נאָך שווערער, נישט ניכעדיק איז אים אָפּטמאָל געוואָרן באַם זיצן מיטן פּאָרעץ. עפּעס פּלעגט ער זיך דערפילן, ווי נישט באַ זיך אינדערהיים, נאָר ווי אין אַ פרעמד אָרט, ווי באַ אַ פרעמדן טיש.

טײלמאָל פּלעגט ער אָבער אויך דערפילן אַ דערלײַכטערונג, עפּעס אַ וואַרעמען שטראַל אין זײַן האַרץ. דאָס איז געשען דאַן, בײַם דער גאַסט האָט אופגעהויבן זײַנע פאַרזאָרגטע אויגן, אַף אים געטאָן אַ קוק און אויך אַרויסגערעדט עטלעכע פאַרטרוילעכע ווערטער.

ווען אָט דער פּאָרעץ, — האָט פרוי סעגאַל געטראַכט, פּאָרענדיק זיך אין קיך, — ווען אָט דער פּאָרעץ וואָלט אין די פריערדיקע צײַטן זיך מאַטריעכ געווען צו איר אין שטוב אַרײַן אַף וועטשערע מיט נאַכטלעגער, וואָלטן זיי דאָך געפלויגן אין די וואָלקנס, זי מיט איר מאַן. דעמלט וואָלט זי שוין אַרײַנגעאַרבעט, אַז מענטשן זאָלן דאָס צעפּויקן איבער אַלע הײַזער, די גאַנצע שטאָט זאָל זיי דאָס נישט פאַרגינען, מ'זאָל דערפון רעדן אין אַלע קראָמען, אין יעדער שטוב. אָבער הײַנט?

הײַנט האָבן דעם פּאָרעצס באַזוכן פאַרלוירן זייער צויבער. נאָך ערגער:

מע מוז זיך היטן מיט זײַן קומען דאָ, ווי זי פּלעגט אַמאָל אויס־היטן איר קראָם פון אַ קאַליעגעוואָרן אַרטיקל.

פאַרן פּאָרעץ, ווידער, איז דאָס זיצן און נעכטיקן דאָ באַ סעגאַלן געווען אַי אַן אָפּקומעניש, אַי אַן אָפּרו.

אַן אָפּקומעניש, ווײַל עס דערמאָנט אים אין זײַן געפאַלענעם מאַ־צעוו. ווען וואָלט ער דאָ אַרײַנגעשמעקט?

נאָר ווען ער גיט אַ טראַכט וועגן זײַן פּאַלאַצן־היים, ווו די פּאַ־ראָבקעס מיט די פויערים וואַכן דאָרטן, אַז מ'זאָל גאָרנישט אַרויס־

פֿירן פֿון זײַן הויף — עטעמט ער דאָן אָפּ אביסל פֿרײַער, וואָס ער קוקט דאָס כאָטש נישט צו, וואָס אין די לעצטע מעסלעסן איז ער ווײַט דערפֿון.

ער וואָלט איצט טאַקע געוואָלט זײַן וואָס ווײַטער, ערגעץ אין אויסלאַנד, אין א ווײַטער מעדינע. אָבער מיט וואָס וועט ער פֿאַרלאָזן זײַן היים, אז אַלץ אין זײַן היים ווערט אזוי שטרענג געהיט און ער קען גאָרנישט מיטנעמען.

— עפּעס אזוי אומגעריכט... אזוי אומגעריכט איז דאָס אַלץ געשען...

— איז ווי איז דעם פּאָרעצס מיינונג? — פֿלעגט סעגאַל פֿרעגן, בייס די ווײַב פֿלעגט ארײַנדערלאַנגען פֿון קיך די וועטשערע מיט געפֿרעגלטע לעבערלעך. — וועט שוין אזוי פֿארבלײַבן אַפּ שטענדיק? קען נישט אמאָל געשען עפּעס א נעס?

— איר האַקט נארישקײַטן! — זאָגט דער פּאָרעץ, קײַענדיק די געפֿרעגלטע לעבערלעך, — ניסים כאַזערן זיך נישט איבער... איר פֿארשטייט? באַ ייִדן א"ז אמאָל געווען א מוישע ראַבײנו מיטן שפּאַלטן דעם יאַם... איצט איז אַלץ געשטאָרבן, ס'איז פּונקט דאָס זעלבע ווי ווארטן, אז טויטע זאָלן ווערן לעבעדיק.

אַפּ באַנאַכט פֿלעגט מען אים אין געהיים ארײַנלאָזן אין א באַזונדער צימער. אַפּ א נאכט־טיש׳ל האָט מען אים דאָרטן צוגעגרייט א גראַפֿינקע וואסער מיט א גלאָז, ווײַל דער פּאָרעץ האָט ליב געהאַט צו טרינקען פֿארן שלאָף. טײלמאָל פֿלעגט סעגאַל אָפּזיצן מיט אים אין דעם צימער שאָענלאַנג, דערנאָך אין די באַגינענס אים ארויסלאָזן דורך א הינטער־טיר.

— א שווארצע אָנשיקעניש אַפּ זײַן קאָפּ! — פֿלעגט סעגאַלס ווײַב אים נאָכזאָגן, — כ'דארף אים דאָ אַפּ שיינע, ריינע קאַפּאָרעס!

סעגאַלן איז אָבער געווען היימלעכער מיטן פּאָרעץ, מיט אים האָט ער געקענט רעדן אָפֿענער, ווי מיט גאָר נאָענטע. לעצטנס קומט ער אָבער נישט, און עס איז אים, סעגאַלן, נאָך שווערער. עס ווערגט אים א טיפֿע אומהיימלעכקײַט אַפּן געלעגער. ער געפֿינט זיך נישט קיין

אָרט נישט באטאָג און נישט באנאכט. נימעס איז אים שוין פונעם ליגן בא די אראָפּגעלאָזטע ראָלעטן און פארמאכטע פענצטער, נימעס דער ווייבס רייד מיט דעם אלעם צוזאמען.

ארויסגיין אין גאס איז אים אָבער אויך נישט צום הארצן. ער קען נישט פארטראָגן דעם געפילדער מיטן טומל פון אלעם נייעם אינדרויסן. ער קען נישט קוקן אין די קראָמען, ווו אלץ נעמט שוין דאָרט ווערן אנדערש, מיט אַן אנדערן סיידער און אנדערע באלעבאטים.

ניין. שוין בעסער ליגן אין שטוב אין געהאקטע ווונדן, איידער צוקוקן, וואָס אין די גאסן טוט זיך, ווי אַף אלע ראָגן ראשט פון די ראדיאָ־הילכערס „די באפרייטע געגנטן פון די פּוילישע פּריצים!" צו וואָס דארף ער דאָס הערן? צו וואָס טויג אים זען, ווי יונגעלייט כאפּן טענצלעך מיט רויטארמייער, ווי מאסן מענטשן שטראָמען אַי־בער די טראָטוארן מיט זאָרגלאָזע, צעשמייכלטע אויגן און צעפלאמטע פּנעמער?

צו וואָס דארף ער דאָס אלץ, אז קיין געזונט וועט אים דערפון נישט צוקומען.

— פּאפּא, פארוואָס גייט נישט דער פּאפּא אין גאס? וואָס וועט דער פּאפּא אויסזיצן אין שטוב? — איז איינמאָל צו אים צוגעשטאנען די טאָכטער.

הינטער די פענצטער האָט גראָד געקלאפּט א רעגן. דאָס הויז האָט געציטערט פון פארבייפאָרנדיקע שווערע טאנקען, פון אונטער דער פריערנע האָט סעגאל ארויסגעשטעקט א פארמאטערט, אומעטיק פּאָנעם. זיינע אויגן האָבן געגלאָצט מיט אזא פארגליווערטער מיד־קייט, ווי בא איינעם, וואָס האָט זיך שוין וואָכנלאנג נישט אויסגע־שלאָפן.

— נו, פּאפּא?

זי איז פאר אים געשטאנען מיט פרימאָרגנדיקער פרישקייט, אַן אויסגערוטע, א קערפּערדיקע, אז דאָס קלייד בא דער ברוסט האָט זיך אזש געקרעמפּעוועט פון ענגשאפט.

פון אירע בלויע אויגן האָט ארויסגעבלישטשעט א לויטערקייט. איר פּאָנעם האָט אויסגעזען צופרידן, רויט, אָן א קנייטשל, ווי נאָר וואָס פון א הייסער וואנע ארויס.

סעגאלן איז דערפון געוואָרן ביטער. ער האָט א קוק געטאָן אף איר מיט פאראכטונג פאר איר גוטן אויסזען.

וויאזוי פארגינט זי זיך היינט אזעלכעס? וואָס איז מיט איר די סימכע?

היינט איז דאָך נישט אמאָל. דעמלט האָט ער נישט געהאט דא-קעגן. ער האָט אליין געוואָלט, אז זי זאָל אויסזען וואָס שענער און וואָס רייכער. ער האָט געוואָלט, אז אין שטאָט זאָל מען אים נישט בלויז מעקאנע זיין מיט דער קראָם, נאָר אויך מיט דער טאָכטער.

איצט דארף ער דאָס נישט. געוויס דערמיט. אויב די געשעפטן האָבן זיך א וואקל געטאָן, דאן זאָל אלץ מיטפאלן... צו וואָס טויג אים אזא מויד? פארוואָס זאָל ער גאָרנישט דערקענען אף איר וואָס קומט פאָר אין זיין הארץ?

— וואָס זיצט עפּעס די מאמא אין קיך? הא, פּאפּא?

— איז וואָס, אז אין קיך?

— אָבער זי וויינט דאָך...

— איך פארשטיי נישט, — האָט זי פּלוצים אָנגעהויבן מיט א ציטערנדיקער שטים, — דער פּאפּא ליגט און ליגט. עס טויג נישט אזוי. ס'איז דאָ א מענטש, וואָס וואָלט דעם פּאפּא עפּשער געהאָלפן מיט א שטעלע...

— ווער איז דער מענטש? — האָט סעגאל א פרעג געטאָן.

— אונדזער קווארטיראנט סירקין.

— ווי רופט מען אים?

— סירקין.

סעגאל האָט ווידעראמאָל זיך איינגעקוקט אין אירע לויטערע בלויע אויגן, דערנאָך א בליק געבנדיק אף אירע געדיכטע, שווארצע האָר, א קלער געטאָן, אז דער סירקין איז שוין אוואדע באלעבאָס פון אָט דעם אלעם...

— זאָל דער פּאפּא אופשטיין, — האָט זי זיך צוגעזעצט אף א

ברעג בעט און גענומענע צערטלענ דעמ פאָטער, — אפדערנאכט וועט סירקינ זײַנ בא אונדז... מאָרגנ איז בא אימ אנ אָפּרו־טאָג. פּאַפּא וועט פּרוּוונ מיט אימ רעדנ. פּאַפּא, זיך אופהייבנ.

— וואָלסט בעסער גערופנ א דאָקטער, — האָט סעגאַל ארויסגערעדט מיט ווייטעק, — כ'בינ קראנק.

— דאָס איז פונ ליגנ. פּאַפּא, אופשטיינ!

נאָכ פיל קרעכצערײַענ און אָכצערײַענ איז סעגאַל אפדערנאכט געזעסנ אינ אופנאמ-צימער און געטרונקענ טיי. ער האָט זיך געפילט שטארק אָפּגעשוואכט פונ די זעקס מעסלעס נישט ארויסגייענ אינ גאס. מיט סירקינענ האָט ער נישט געוווסט וואָס צו רעדנ, כאָטש די ווײַב האָט אימ געהיימ געשלעפּט פאר אנ ארבל.

נאָר ווענ סירקינ האָט ארויסגענומענ א שאכטל פּאפּיראָסנ און אימ פאָרגעלייגט פארייכערנ, האָט ער, נעמענדיק א פּאפּיראָס, א פרעג געטאָנ:

— איר וועט נאָכ דאָ לאנג וווינענ?

— איכ בינ דאָ געשיקט אפ שטענדיקע ארבעט.

— אפ שטענדיק? פונ וועלכע שטאָט האָט מענ אײַכ געשיקט?

— פונ מינסק.

— א מינסקער געבוירענער?

— ניינ. געבוירנ בינ איכ ערגעצ אנדערש. נאָר העכער צענ יאָר, אז מײַנע עלטערנ וווינענ אינ דער הויפּטשטאָט פונ ווײַס־רוסלאנד.

— און עפּעס פאראנ קראָמענ בא אײַכ אינ שטאָט? — האָט סעגאַל געפרעגט, לאָזנדיק שטראָמלעכ רויכ צומ סופיט, — פאראנ אזעלכעס?

— פאראנ. — האָט סירקינ געענטפערט.

— כ'מיינ גרויסע געשעפטנ?

— אלצ פאראנ.

— אזוי. און סאָכרימ באַוווסטע זײַנענ פאראנ בא אײַכ?

— וואָס זאָגט איר? — האָט שוינ סירקינ נישט פארשטאנענ.

— סאָכרימ, סאָכרימ. — האָט סעגאַל נישט געוווסט וויאזוי צו

דערקלערן, — ווער ווייסט עס נישט וואָס סאָכרימ זײַנען?.. נו, מענטשן וואָס האנדלען, פירן מיסכער... מיט וועקסלען...

— בא אונדז איז דאָס נישטאָ. בא אונדז ארבעטן אלע, — האָט סירקין קאלט א זאָג געטאָן, נאָך אלץ נישט ווײסנדיק אפ קלאָר, אין וואָס עס גייט.

— וואָס הייסט? — איז סעגאל אופגעשפרונגען פון שטול, — געשעפטן מיט קראָמען זאָגט איר זײַנען יאָ פאראן? נאָר קיין סאָכרימ זײַנען נישטאָ? איך הייב נישט אָן פארשטיין! נישט צו פארשטיין...

— בא אונדז געהערט אלץ דער מעלוכע.

— וואָס הייסט דער מעלוכע? — האָט סעגאל געפילט ווי עס ווערט אימ ענג אין האלדז, — אז עמעצער, לאָמיר זאָגן, וויל זיך מאכן א געוועלבל, א קליין געוועלבל מיט סאָדע־וואסער?

— דער פאפא האָט דאָך שוין געהערט: דאָרטן איז אלץ מעלוכיש, — האָט ראָכל ארײַנגעוואָרפן.

דער טאָכטערס ארײַנמישן זיך האָט סעגאלן אזש א ברי געטאָן. „זי שיט מיר נאָך זאלץ אפ די וווּנדן“, — האָט ער א קלער געטאָן. ער האָט ארויסגענומען א טיכעלע אָפצווישן דעמ שווייס פון שטערן. דערנאָך, אביסל א בארויִקטער, גענומען בא סירקינען אויספרעגן וועגן מינסק. צי איז מינסק א גרויסע שטאָט און וויפל קאָסט דאָרטן טיי, קאָנסערוון, מעל און גרויפּנס. ער האָט אויסגעפרעגט אפ יעדן ארטיקל באזונדער, דערבײַ עפשער צען מאָל געטאפט דעמ שטאָפ פון סירקינס קאָסטיום.

— און אײַערע עלטערן? — האָט ער א פרעג געטאָן, — זיי ארבעטן אויך?

— יאָ. — האָט סירקין געענטפערט, — מײַנע עלטערן ארבעטן.

— בא וואָס?

— מײַן פאָטער איז א טרעגער.

— א טרעגער!? — האָט סעגאל אן איבעראשטער אויסגערופן, — א טרעגער? נישט מעגלעך. עפעס גלייבט זיך נישט.

— פאַרוואָס גלייבט איר נישט? — האָט סירקין געשמייכלט.

סעגאַלן איז שווער געווען צו גלייבן דעריין און ער האָט אפילו נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז ס'איז אַזוי. נישט אַנדערש, נאָר סירקין מאַכט כויזעק. ווען זיין טאַטע זאָל טאַקע זיין אַ טרעגער, וואָלט ער זיך געשעמט אויסצוזאָגן. מ'ווייסט שוין.

— איר זעט אויס פון אַן איידעלער מישפּאָכע, — האָט סעגאַלס פרוי אַ זאָג געטון צו סירקינען — פון זייער איידעלע מענטשן.

— אָט, אָט, — איז סעגאַל געווען צופרידן, וואָס די ווייב שווייגט נישט.

— נו, נישט וויכטיק, — האָט ער באַלד דערנאָך פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, ווי וועלנדיק פאַריאָגן די געדאַנקען.

— אַלץ נאַרישקייטן. — האָט ער פאַרגעזעצט מיטן פרישן ווייטעק אין האַרץ, טראַכטנדיק, עפּשער איז ער טאַקע אַ טרעגערס אַ זון. ווער ווייסט, ווער ווייסט...—האָט ער געוואָלט אָפּיאָגן די געדאַנקען, וואָס האָבן אים אָפּ פריש געמאַטערט און געוואָרגן — ווען מע דערלויבט בּאַ אייך האַנדלען... דעמלט... דעמלט וואָלט געווען עפּעס אַנדערש... עפּעס אַנדערש... נאָר אַזוי...

ער האָט נישט דערעדט. ס'איז אים פּלוצים געוואָרן נישט גוט. די ווייב מיט דער טאָכטער האָבן אים אָנגענומען פאַר די הענט און אַוועקגעפירט אין שלאָף־צימער.

אַ גאַנצע נאַכט דערנאָך האָט ער זיך געוואָרפן אויפן געלעגער, האָט געזידלט און געשאָלטן, עטלעכע מאָל דערלאַנגט מיט אַ פוס דער ווייב אין זייט, ביז זי איז אַנטלאָפן אין דער טאָכטערס שלאָף־צימער און דאָרטן באַגאָסן זיך מיט טרערן.

צומאָרגנס האָט זי גערופן אַ דאָקטער. דער מאַן איז געלעגן אַ צעגליטער פון היץ מיט פאַרגראָבענע אויגן, מיט אַ פאַרקרימט מויל.

— ס'אַרע פאַרשטיקטע לופט דאָ איז. אומבאַדינגט עפענען די פענצטער! אויסלופטערן! — האָט דער דאָקטער אַ זאָג געטאָן באַם אַריינקומען צום קראַנקן, — דאָ איז שוין לאַנג נישט געלופטערט. צייט... צייט עפענען אַ פענצטער.

---